# קאָנסטיטושאן

פון דיא

# שרענצקער

## בענעוואָלענט אססאסיאיישאן

געגרינדעט דען 23טען דזשון 1906

---

## CONSTITUTION

OF THE




## Shrentzker Benevolent Ass'n

---



אויסגעבּעסערט אונד אנגענומען

מאַרטש דעם 23טען 1919

נ י ו  י א ר ק

## Constitution Committee:

---

L. KRONENBLATT

A. KRONENBLATT

B. ISAAC

A. JICK

I. SIEGEL

H. ZELEN

S. SIEGEL

I. ISRAEL

KOHLER

S. ROSEN

H. HARBITER

---

Amended and Accepted
New York, March 23, 1919

# אינהאלטס פערצייכנים.

---

## אַרטיקעל 1.

## נאָמען און צוועק.

1. דער פעראיין הייסט: שרענצקער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן.

2. דער צוועק פון דיעזען פעראיין איז: געגענזייטיגע אונטערשטיצונג אין קראנקהייט, שבעה, נויטה און שטערבע פעלע פון מיטגליעדער און זייערע פאַמיליען.

3. געלד פון פעראיינס קאַסע מעג נאָר געברויכט ווערען פיר קראנקהייט, שבעה, נויטה, אונטערשטיצונג און אויך ביי שטערבעפעלע פון מיטגלידער און זייערע פאַמיליען, וויא אויך פאר אלע נויטיגע אויסגאבען פון פעראיין. עס טאָר אָבער פאר קיין אַנדער צוועק פערווענדעט ווערען.

4. דיעזער פעראיין זאָל ניט אויפגעלייזט ווערען זאָלאַנג 13 מיטגליעדער פון פעראיין ווילען איהם אויפהאַלטען.

5. דיעזער אַרטיקעל זאָל ניט געענדערט אָדער פערבעסערט ווערען.

## אַרטיקעל 2.

## פערזאמלונגען.

1. דיעזער פעראיין האַלט אָב רעגעלע, גענעראל און ספעציאל פערזאמלונגען.

2. אלע פערהאַנדלונגען אין דיעזען פעראיין זאָל אין אידיש געפיהרט ווערען, דאָך איז ערלויבט יעדען מיטגליעד אין דער פערזאַמלונג מיט אן אַנדערער שפּראַך זיך צו בענוצען.

3. רעגעלע פערזאמלונגען זאָלען געהאַלטען ווערען איין מאָל אין 2 וואָכען אין איין אָבענד וואָס דער פעראיין וועט בעשטימען.

4. דיא גענעראַל פעראַמלונגען זיינען דיא לעצטע פערזאמלונגס אבענדען אין דיא מאָנאַטען מערץ, יוני, סעפּטעמבער און דעצעמבער.

5. ספּעציעלע פערזאַמלונגען קענען גערופען ווע־רען: א) דורך אַ בעשלוס פון פעראיין, ווען א מאַיאָ־ריטעט פון די אַנוועזענדע מיטגלידער שטימען דאפיר; ב) דורך דעם פּרעזידענט; ג) ווען 13 מיטגלידער פּאָ־דערען אויף דעם פּרעזידענט שריפטליך און גיבען אַז דעם צוועק פון פערזאמלונג.

6. אויף אלע נאָטיסעס פאר אַ ספּעציאל פערזאמ־לונג מוז אָנגעגעבען ווערען דער צוועק פון דער ספּע־ציעלער ביזנעס, און ביי'ן עפענען דעם מיטינג דארף עס דער פּרעזידענט אויך ערקלערען, און נור דיא ספּע־ציעלע אַנגעלעגענהייטען מעגען פערהאַנדעלט ווערען. אויסער נויט־אונטערשטיצונג, וואָס קען פערהאַנדעלט ווערען בייא אלע ספּעציאל פערזאמלונגען, ווען עס איז אפילו אין די נאָטיסעס ניט אַנגעצייגט געוואָרען. דער פּאָרזיצענדער דארף אבער ביים עפענען דעם מיטינג דיא מיטגליעדער דערמיט בעקאַנט מאַכען. לויט אַרט. 13, פּאַר. 10.

7 אלע רעגעלע און גענעראל פירזאמלונגען זאָלען אָנפאַנגען אום 8 אוהר אבענדס.

## אַרטיקעל 3.

## בעאַמטע

1. דיא בעאַמטע פון פעראיין זיינען: פּרעזידענט, וויים־פּרעזידענט, עקס־פּרעזידענט, טרעזשורער, פּראָטאָקאָל־סעקרעטער, פינאַנס־סעקרעטער, האָספּיטעלער פיהרער, 3 טראַסטיעס, אינערע און אויסערע וואַכע.

2. אלע בעאַמטע זאָלען ערוועהלט ווערען אויף 6 מאָנאַטען, אויסער סעקרעטערים, טראַסטיעס און דאָקטוירים אויף איין יאָהר, דער פּרעזידענט ווענעס טערמין ענדיגט זיך זאָל ביים נעקסטען טערמין דינען אלס עקס־פּרעזידענט.

3. אלס פּרעזידענט קענען נור אזעלכע מיטגלידער געוועהלט ווערען וואָס האָבען שוין א פולען טערמין געדיענט אלס וויים־פּרעזידענט, פיר אלע אַנדערע עמטער קענען נור אזעלכע מיטגלידער ערוועהלט ווערען וועלכע בעלאַנגען צום פעראיין איין האלב יאָהר.

4. דיא סעקרעטערע און קעשיר פון פעראיין זאָלען פיר זייער ארבייט בעצאָהלט ווערען, דער פעראיין זאָל ביי יעדען טערמין, בעפאָר דער נאָמינאַציאָן, זייער געהאַלט בעשטימען.

## אַרטיקעל 4.

## נאָמינאַציאָן און וואהל פיר בעאַמטע.

1. דיא ערשטע נאָמינאַציאָן פיר בעאַמטע זאָל

פאַרקומען ביי דיא צווייטע פערזאמלונגען פון דיא מאַנאַטען מאַי און נאָוועמבער. אלע ברידער דארפען פון דיא נאָמינאַציאָן בענאַכריכטעט ווערען דורך א צירקולאַר, אַנגעבענדיג אלע נעמען פון דיא נאָמינירטע קאַנדידאַטען ביי דער פאָלגענדער פערזאמלונג דארף פאַרקומען דיא וואהל, און אַ באַלאָט מיט אַלע נאָמי־נירטע און אַקצעפּטירענדע קאַנדידאַטען זאָל אויף פער־איינס קאָסטען גערדרוקט ווערען.

2. א מיטגליעד קען נור פיר איין אמט (לויט ארט. 3, פאראגראף 1) נאָמינירט ווערען.

3. אן אבוועזענדער מיטגליעד קען ניט נאָמינירט ווערען, סיידען אז ער שיקט אריין א שריפט אז ער איז וויליג נאָמינירט צו ווערען.

4. אַ מיטגליעד קען ניט נאָמינירט אָדער ער־וועהלט ווערען ווען ערשטעהט אונטער קלאַגען אָדער קלאַגע אין פעראיין.

5. פיר וואהל פון בעאַמטען דארפען ספּעציאל פערזאמלונגען איינבערופען ווערען.

6. צו דער וואהל זאָל דער פרעזידענט 2 און דער וויס־פרעזידענט 1 וואהל ריכטער בעשטימען, וועלכע זאָלען דיא שטימצעטעל אָפּנעהמען און צעהלען.

7. די וואַהל זאָל פּאָרקומען דורך געהיימע שטימ־צעטעל, און דער קאַנדידאט וועלכער קריגט דיא מאַ־יאָריטעט פון דיא אָבגעגעבענע שטימען זאָל אלס ערוועהלט ערקלערט ווערען.

8. נאָר אַנוועזענדע מיטגלידער זיינען בערעכטיגט צו שטימען, און נאָכדעם אלע האָבען אָבגעשטימט. זאָלען דיא וואהל ריכטער דיא שטימצעטעל איבער־צעהלען, פאָרלעזען און דעם רעזולטאַט ביי דער פער־זאַמלונג בעקאַנט מאכען.

9. איין אַבוועזענדער קאַנדידאט קען ניט גע־וועהלט ווערען, סיידען ער שיקט אריין אַ שריפטליכע ענטשולדיגונג וועגען וויכטיגע אורזאכען פיר זיין אב־וועזענהייט, און דער פעראיין נעהמט עס אָן.

10. ווען קיינער פון דיא קאַנדידאטען פיר איין אַמט קריגט ניט קיין מאַיאָריטעט פון דיא אָבגעגע־בענע שטימען, דאן פאלען ארויס דיא קאַנדידאטען וואָס האָבען גקהאַט דיא קלענסטע צאָהל שטימען, און דיא וואהל קומט נאָך אַ מאָל פאָר צווישען דיא צוויי קאַנדידאטען וואָס האָבען געהאַט דיא גרעסטע צאָהל שטימען.

11. דיא נייע ערוועהלטע בעאַמטע ווערען אין זייערע עמטער אינסטאלירט בייא דער פאָלגענדער גע־נעראל פערזאמלונג, נאָכדעם וויא דער האַלב־יעהר־ליכער פינאַנס־בעריכט ווערט פאָרגעלעזען און אָנגע־נומען פון פעראיין.

## אַרטיקעל 5.

### פליכטען פון בעאַמטע.

1. דער פרעזידענט איז פערפליכטעט בייא אלע פערזאמלונגען צו פיהרען דעם פאָרזיץ און אויפפא־סען אז דיא קאָנסטיטוציאָן און אלע אָרדנונגס־רעגע־

לען זאָלען פּינקטליך אויסגעפיהרט ווערען; אז אלע בעאַמטע און קאָמיטעען זאָלען זייערע פליכטען ער־פילען. ער איז אויך עקס־אָפּיציאָ מיטגליעד פון אלע קאָמיטעען. ער האָט צו ערנענען דיא מעהרצאָהל מיט־גליעדער פון אלע קאָמיטעען, ער בעזעצט טעמפּאָרער דיא שטעלען פון אַבוועזענדע בעאמטע. ער שרייבט אונטער אלע בענק טשעקס און אָנווייזונגען צום טרע־זשורער און אלע אַנדערע אָפּיציעלע דאָקומענטען פון פעראיין. ווען נויטיג ליגט ער ארויף דיא שטראפען אויף דיא מיטגלידער. ער פּאסט אויף איבער אבשטי־מונגען, וואהלען, באַלאָטירונג און האָט צו ערקלערען זייער רעזולטאט. ער האָט די באַנק ביכער און אלע אַנדערע פעראיינס ווערטה פּאַפּירען און דאָקומענטען אונטער זיין זיכערהייט; בייא אירגענד א צווייפעל האָט ער דאָס רעכט צו לאָזען דיא ביכער רעווידירען. ווען ער ווערט בענאַכריכטעט פון א קראנקען אָדער טרויערענדען ברודער דארף ער איהם וויינינגסטענס איין מאָהל אין וואָך בעזוכען, ער איז אויך טשערמאַן פון דער לייכען קאָמיטעע (חברה קדישא). ווען ביי אַ געוויסער פראגע וואָס ליעגט פאָר אין פעראיין ווערט אָפּגעגעבען אַ גלייכע צאָהל שטימען דאַפיר און דאגע־גען, האָט ער דיא ענטשיידענדע שטימע, אויב ער האָט פריהער אין דיעזער פראגע ניט געשטימט.

2. דער וויס־פּרעזידענט איז פערפליכטעט דעם פּרעזידענט אין אלע פעראיינס אנגעלעגענהייטען צו אונטערשטיצען און ווען דער פּרעזידענט איז אבווע־זענד דארף ער זיין שטעלע פערטרעטען, ער איז אויך פערפּליכטעט אלע קראנקע אָדער טרויערנדע ברידער

וויניגסטענס איין מאָל א וואָך צו בעזוכען, ווען ער ווערט דערצו אויפגעפאָדערט. ער ערנאַנט דיא מינאָ־ריטעט פון אלע קאָמיטעען, ער איז פּאָרזיצענדער פון פינאַנס קאָמיטע און עקס־אָפּיציאָ מיטגליעד פון אלע קאָמיטעען.

3. דער עקס־פּרעזידענט דאַרף בייא אלע פערזאַמ־לונגען אנוועזענד זיין און ביים עפענען פון יעדע פער־זאַמלונג נאָכצוזעהן אויב אלע אַנוועזענדע זיינען דער־צו בערעכטיגט. איינשווערען אלע נייע אויפגענומענע קאַנדידאַטען און זיי איבערגעבען צום פּרעזידענט פיר ווייטערע בעלעהרונג.

4. דער טרעזשורער דאַרף איבערנעהמען פון פינאַנס סעקרעטער אלע פעראיינס געלדער דורך א קוויטירונג, און זאָפאָרט אויסצאָהלען אלע אַנווייזונגען וואָס זיינען אויסגעמאַכט געוואָרען פון סעקרעטער און אונטערשריבען געוואָרען פון פּרעזידענט אָדער וויס־פּרעזידענט — ווען ער פערטרעט דעם פּרעזידענטס שטעלע — אלע געלדער וואָס ווערען איינגענומען ביי דער פערזאַמלונג מוז ער ניט שפּעטער וויא אין 2 טעג נאָך דער פערזאַמלונג דעפּאָנירען אין פעראיינס גע־שעפטסבאַנק, ער דאַרף פיהרען א ריכטיגען בוך איבער דיא איינגאַהמען און אויסגאַבען און אויף פערלאַנג פון פּרעזידענט אָדער פינאַנס קאָמיטע צוצוגרייטען דאָס בוך פיר אונטערזוכונג. ווען דער פּרעזידענט פאָדערט איהם אויף, דאַרף ער דיא פעראיינס געלדער וואָס גע־פינען זיך בייא איהם איבערגעבען דיא טראָסטיעס צו דעפּאָנירען אין סייווינגס באַנק. ער דאַרף דעם האַלב־

יעהרליכען פינאַנס־בעריכט אונטערשרייבען. ער מוז צושטעלען — אויף פעראיינס קאָסטען — אַ באָנד פון אַ שוריטי קאָמפּאַני פאר 1000$, דארף יעדען קראנקען אדער טרוירענדען ברודער איין מאהל אין וואך בעזוכען. פיר זיין ארבייט זאָל ער בעקומען אַ סאַלאַרי פון 2$ א יאָהר.

5. דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער איז פערפּליכטעט אַ ריכטיגען פּראָטאָקאָל פון יעדער פערזאמלונג צו פיהרען און ריכטיג אלע פערהאַנדלונגען צו פערצייכ־נען, אלע קאָרעספּאָנדענצען פון פעראיין צו בעזאָרגען און אלע קאָמיטען צו זייער 1טער פערזאמלונג שריפט־ליך איינצורופען, אלע מיטגליעדער צו א ספּעציאל־פערזאמלונג איינצולאדען ווען ער ווערט דערצו פון פּרעזידענט אויפגעפאָדערט, ער דארף אין שטראַף־בוך איינשרייבען אלע שטראפען מיט'ן דאַטום און דיא אורזאכען. ווען ער ווערט בענאַכריכטעט אז א ברו־דער אָדער א ברודער'ס א פרוי איז געשטאָרבען, דארף ער דאָס זאָפאָרט דעם פּרעזידענט מעלדען, און אלע אין דער שטאָדט וואָהנענדע מיטגליעדער צו דער לויה פון א ברודער, און 50 מיטגליעדער נאָך אַלפאַבעטישער רייהע צו דער לויה פון א ברודערס א פרוי אויפפאָדערען. ער דארף דען ארצט בעזאָרגען מיט אַ ריכטיגער ליסטע פון דיא מיטגליעדער און אלמנות אין זיין דיסטריקט, און דיזע ליסטען ריכטיג האַלטען.

6. דער פינאַנס סעקרעטער דארף פיהרען ריכטיגע רעכנונגס־ביכער צווישען די מיטגלידער און פעראיין. אלע פעראיינס געלדער דארף ער פערשרייבען און נאָך

יעדען מיטינג זיי דעם טרעזשורער אויף א קוויטירונג איבערגעבען, א גענויע פערצייכנונג פון דיא איינגאהמען און אויסגאבען פון יעדער פערזאמלונג דעם פּראָטאָקאָל סעקרעטער איבערגעבען, דעם האַלב יעהרליכען פינאַנס בעריכט דארף ער אויסארבייטען און אונטער שרייבען. מינדעסטענס 3 טעג בעפאָר יעדער גענעראַל פערזאמלונג דארף ער צו דיא מיטגליעדער ארויסשיקען שריפטליכע נאָטיסעס, אויף וועלכע עס דארף אָנגעצייגט ווערען בייטרעגע, שטראפען, טעקסען און אַנדערע שולדען צום פעראיין. און דיא מיטגלידער וואָס צאָהלען ניט איין זייערע שולדען ביז 4 וואָכען נאָך גענעראַל פערזאמלונג זאָל ער זיי נאָך אַ מאָהל דורך א רעדזשיסטרירטען בריעף אויפפאָדערען דיא שולדען צו בעצאָהלען. ער דארף פון קיין מיטגליעד אקצעפּטירען וויניגער וויא זיין פיערטעל-יעהרליכע צאָהלונג, דיא נעמען פון דיא מיטגליעדער וועלכע האָבען צו דער בעשטימטער צייט ניט איינגעצאָהלט, דארף ער אויף א ליסטע צוזאַמענשטעלען און דעם פּרעזידענט ביי דער פערזאמלונג איבערגעבען. ער דארף אויך אַנמעלדען דעם פעראיין דיא סומע וואס געפינט זיך ביים טרעזשורער. ער דארף צושטעלען אויף פעראיינס קאָסטען — אַ באָנד פון אַ שוריטי קאָמפּאני פיר $500.

7. דער פינאַנס סעקרעטער איז פערפפליכטעט ווען ער ווערט בענאַכריכטעט וועגען איין קראנקען אָדער טרויענדיגען גלייך צו שיקען איין קראנקען-ליסטע און איהם יעדען טאָג שיקען אַ קאָמיטע פון איין מיטגליעד נאָך דיא רייהע, צו דיעזע קאָמיטעען דארף

ער שיקען נאָטיסעס מיט ספּעציעלע אַנמערקונגען וועגען די שטראפע פאר ניט בעזוכען אָדער בעריכטען צו דער בעשטימטער צייט, ער דארף יעדען קראַנקען אָדער שבעה מיטגליעד א קאַרטע שיקען פאר דיא בע־זוכענדע מיטגליעדער צו אונטערשרייבען, ווען א קראַנקער מיטגליעד מוז אָדער וויל אין האָספּיטאָל געבראכט ווערען זאָל ער מיט'ן פּרעזידענט עס בע־זאָרגען. ער האָט אויך צו פיהרען דיא קאָנטראָלע איבער דיא בעזוכענדע אָדער ניטבעזוכענדע קאָמיט־טען און זאָל א ריכטיגע ליסטע פון אַלע שטראַפען צו דער פינאַנס קאָמיטע איבערגעבען אויך זאָל ער אַ האַלב יעהרליכען בעריכט צו דער גענעראַל פער־זאַמלונג אריינברייננגען.

8. דיא פליכטען פון דעם פיהרער זיינען צו העל־פען דעם פּרעזידענט אויספיהרען זיינע פליכטען בייא דער פערזאמלונג, צוצוגרייטען דיא באַלאָטירונג פיר נייע קאַנדידאַטען. פאָרצובערייטען אַלע קאַנדידאטען צור איינפיהרונג און זיי איינפיהרען.

9. דיא פליכטען פון דיא 3 טראָסטיעס זיינען אַכטונג צו געבען, אז דאָס אייגענטהום פון פעראיין זאָל זיך געפינען אין גוטען צושטאַנד ; ווען זיי ווערען אויפגעפאָדערט דארפען זיי דעם פעראיין בעזאָרגען מיט אַלע נויטיגע זאַכען, און דיא פעראיינס געלדער אין באַנק דעפּאָנירען. אָדער ווען נויטיג ארויסנעמען. יעדער טראָסטי איידער ער טרעט איין אין אַמט, דארף צושטעלען — אויף פעראיינס קאָסטען — א באָנד פון אַ שוריטי קאָמפּאַניע אויף 500$.

10. דיא אינערע וואך דארף דעם פערזאמלונגס־לאָקאַל עפנען און שליסען, אָנגרייטען אלע זאכען וואס זיינען נויטיג ביי דער פערזאמלונג; אכטונג געבען אויף דער אויסערע טהיר, אז קיין פרעמדער זאָל ניט אריינקומען. און ער בעקומט פאר זיין ארבייט א סאַ־לאַרי פון 2 דאָלאר א קוואַרטאַל.

11. אלע בעאַמטען וועמעס טערמין האָט זיך גע־ענדיגט דארפען זייערע נאָכפאָלגער אלע ביכער און דאָקומענטען איבערגעבען אין בעסטער ארדנונג.

12. ווען א בעאַמטער קומט ניט צו דיא פערזאמ־לונגען 3 מאָהל נאָכאַנאַנד, ניט אָנגעבענדיג קיין גע־ניגענדע גרינדע, דארף ער אראָפּגעזעצט ווערען פון זיין אַמט און א'ן אַנדערער זאָל צו דעם אַמט ערוועהלט ווערען.

## אַרטיקעל 6.

## קאָמיטעען און זייערע פליכטען.

1. דיא קאָמיטעען פון פעראיין זיינען:

א) דאָס לייכען קאָמיטע (חברה קדישא.)
ב) פינאַנס קאָמיטע.
ג) נויטה אונטערזוכונגס קאָמיטע.

2. דיא לייכען קאָמיטעס פליכטען זיינען: אזוי באַלד זיי ווערען בענאַכריכטעט אז אמיטגליעד אָדער זיין פרוי איז געשטאָרבען דארפען זיי דעם טויטען בע־זאָרגען מיט אלע צערעמאָניעס לויט'ן אידישען דין, און זיינען פערפליכטעט אזי וויא אלע אויפגעפאָדערטע מיטגלידער דעם טויטען ביז אַ בעשטימטען פּלאַץ צו

בעגלייטען, און דאן דעם טויטען ווייטער ביז דער סע־
מעטערי צו בעגלייטען און די 2 קערידזשעס, 1 קעריזש
פאר דער קאָמיטע, 1 קעריזש פאר די אבלים אויך 1
לייכען וואָגען וואָס דער פעראיין בעוויליגט. זיי האָבען
א רעכט זיך צו לאָזען פערטרעטען דורך אנדערע מיט־
גליעדער. עס ווערט זיי אויך בעוויליגט פון פעראיין
פיר נייטיגע עקספּענסעס ביז 5 דאָלאר צו ספּענדען.

3. דיא פינאַנס קאָמיטע בעשטעהט פון 5 מיט־
גליעדער. זייערע פליכטען זיינען: נאָך יעדען ½ יאָהר
צו אונטערזוכען דעם ½ יעהרליכען פינאַנס בעריכט
און דיא רעכנונגס ביכער פון פעראיין, און ווען זיי גע־
פינען עס פיר ריכטיג דארפען זיי עס אונטערשרייבען.

4. דיא נויט־אונטערזוכונגס קאָמיטע בעשטעהט
פון 5 מיטגלידער. זייערע פליכטען זיינען: זיך צו
איבערצייגען צו דער בעדירפטיגער מיטגליעד איז
ווירקליך אין נויטה. זיין לאגע דארפען זיי גענוי אויס־
געפינען און ביי דער פערזאַמלונג דארפען זיי פערזענ־
ליך אלעס פינקטליך בעריכטען, ווען עס איז נויטיג
אויגענבליקליכע הילפע, האָט דאָס קאָמיטע אַ רעכט
דעם פרעזידענט אויפצופאָדערען צו בעוויליגען ביז
5 דאָלאר, און ווען נויטיג, האָבען זיי א רעכט אויפצו־
פאָדערען דעם פרעזידענט איינצובערופען א ספּעציאל
פערזאמלונג וועגען אונטערשטיצונג.

5. אלע אָבענגענאַנטען קאָמיטעען ווערען ערנאַנט
אויף 6 מאָנאַט.

## אַרטיקעל 7.

## אויפנאַהמע און בעדינגונגען.

1. יעדער מאַן וואָס וויל אַריינטרעטען אין דיעזען פעראיין דארף זיין ניט אינגער פון 20 און ניט עלטער פון 40 יאָהר, ער און זיין פרוי און קינדער מוזען געהער־רען צום אידישען גלויבען זיין הייראַט מוז זיין אנער־קענט אי פון אידישער רעליגיאָן אי נאָך דיא געזעצע פון דעם שטאַאט ווי א די הייראַט איז פאַרגעקאָמען, מוז בעזיצען א גוטען מאָראלישען כאַראַקטער קערפער־ליך און גייסטיג געזונד זיין זאָל קענען זיך און זיין פאַמיליע אַנשטענדיג ערנעהרען מוז וויניגסטענס זיין ½ יאָהר אין לאַנד און וואָהנען אין גרייטער נויאָרק. ווען איין מעמבער ענדערט זיין גלויבען זאָל ער סוס־פענדירט ווערען.

2. אַ קאַנדידאַט מוז פון א מיטגליעד פאַרגע־שלאָגען ווערען, אָנגעבענדיג דעם נאַמען, יאָהרען, בע־שעפטיגונג, וואָהנונג וויא לאַנג אין דיזען לאַנד, מיט 1 דאָלאַר פאַרשלאַגס געלד. דער קאַנדידאַט מוז אייז אַפּליקיישאָן אויספילען אויף א פאָרמולערען בלענק פון פעראיין און ער וויא אויך דער פאַרשלעגער מוזען עס אונטערשרייבען. פאַרשלאָגען א קאַנדידאַט קען מען ביי יעדער פערזאַמלונג אין מאָנאַט.

3. ווען דיא קאַנדידאַטען אונטערזוכונגס קאָמי־טעע בעריכטעט דעם קאַנדידאַט אלס גינסטיג צום אויפנעהמען, דארף מען פאַר איהם באַלאָטירען. און 3 שווארצע קוגעלן זיינען גענוג דעם קאַנדידאַט אָפּצואוויזען. אַ קאַנדידאַט וואָס ווערט אָבגעוויעזען

קען זיך אין 6 מאָנאַט ארום ווידער לאָזען פארשלאַגען.

3. ווען דאָס באַלאָטירען פאלט אויס גינסטיג פיר דעם קאַנדידאט, דארף ער און זיין פרוי (ווען ער איז פערהייראט) זיך לאָזען אונטערזוכען פון פעראיינס־דאָקטאָר אין דער אַנוועזענהייט פון א קאָמיטעע. מיטגליעד. ווען דער דאָקטאָר אטעסט פיר איהם און זיין פרוי (ווען פערהייראַט) איז גינסטיג און איז אונ־טערשריבען פון איהם, זיינע פרוי (ווען פערהייראַט) וויא אויך פון א קאָמיטע מיטגליעד, דארף איהם דער סעקרעטער איינלאדען צו דער נעקסטער פערזאמלונג צום איינפיהרען.

4. ווען א פראָטעסט קומט אריין געגן א פאָרגע־שלאָגענעם קאַנדידאט זאָל דאָס זאָפאָרט פערהאַנדעלט ווערען ביי דעם זעלבען מיטינג פון דער סאָסייעטי.

5. דיא קאנדידאטען . וואָס ווערען איינגעלאדען צום איינפיהרען מוזען קומען ניט שפּעטער וויא ביז צו דער דריטער פערזאַמלונג, און דארפען דעם סעקרעטער בעצאָהלען דעם באַלאַנס פון דיא איינטריטס געלד (לויט ארט. 8 פאר.1-2,) ענטפערן אויף אלע פראגען און זיך איינשרייבען אין פעראיינס אויפנאַהם־בוך, דאן ווערען זיי איינגעפיהרט.

6. ווען א קאַנדידאט קומט ניט 3 פערזאַמלונגען נאָך דער איינלאדונג אויפגענומען צו ווערען, איז דאָס איינגעצאָהלטע פאָרשלאַגס־געלד פערפאלען, נור אוי־סערגעוועהנלעכע אומשטענדען קענען דיענען אלס אַ ענטשולדיגונג דאָס געלד צוריק צו קריגען.

7. אן אבגעוויזענער קאַנדידאט קריגט דאָס פאַר־שלאגסגעלד צוריק פון פעראיין בעצאָהלט. ווען א פאַר־געשלאַגענער קאַנדידאט ציהט זיך צוריק איידער דאָס קאָמיטע האָט נאָך וועגען איהם בעריכטעט קריגט ער אויך זיין פאַרשלאגס געלד צוריק.

## אַרטיקעל 8.

## איינטריטס געלד און ביטרעגע.

1. איינטריטס געלד פיר קאַנדידאטען אין פאָל־גענדער ארט: $1 פאַרשלאַגס געלד און $2 איינטריטס־געלד.

| | |
|---|---|
| פון 20 ביז 25 יאָהר אלט — — — | $3.00 |
| פון 25 ביז 30 יאָהר אלט — — — | $4.00 |
| פון 30 ביז 35 יאָהר אלט — — — | $6.00 |
| פון 35 ביז 40 יאָהר אלט — — — | $10.00 15 |

אריבער 40 יאָהר וויא פיעל דיא סאָסייעטי וועט בעשליסען.

## ארטיקעל 9.

## דיא רעכטע פון מיטגליעדער.

1. יעדער מיטגליעד וואָס בעלאנגט שוין ½ יאָהר צום פעראיין און ווערט אזוי קראנק אז ער קען צו זיין געשעפט ניט אַטענדען אויסגענאָמען אונמאָראַלישע קראַנקהייטען איז בערעכטיגט צו 7 וואָכען פולען און 6 וואָכען האַלבען קראנקען בענעפיט אין פערלויף פון 1 יאָהר, עס מאַכט ניט אויס צו דיא 13 וואָכען זיינען בסדר אָדער אין פערשיערענע צייטען פון יאָהר. דאָס

יאָהר פאנגט זיך אָן פון דעם טאָג ווען ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געמאָלדען קראנק. כראָנישע קראַקע זיינען בערעכטיגט נור דאָס ערשטע יאָהר צו פולען בענעפיט נאָכהער צו $2 א וואָך איז 1 מאָל פון 12 וואָכען יעהרליך.

2. אזוי לאנג וויא אין גענעראל פאָנד וועט זיך נאָך געפינען $1000, זאָל דער קראנקען אָדער שבעה בענעפיט בעשטעהן פון $7 אַ וואָך. ווען אין פאָנד וועט זיך אָבער ניט געפינען קיין $1,000. דאן זאָל דער בענעפיט בעשטעהן פון בלויז $5 אַ וואָך.

3. ווען אין גענעראל פאָנד געפינט זיך ווייניגער וויא $500, זאָל מען דעם בענעפיט אין גאנצען אויפהערען צאָהלען.

4. דאָס וועכענטליכע קראנקען בענעפיט פאנגט זיך אָן פון דעם טאָג וואָס מען האָט דעם סעקרעטער וועגען דעם שריפטליך אָדער מינדליך געמאָלדען, עס פאָדערט זיך אויך א גינסטיגער בעריכט פון קראנקען קאָמיטע און אן אונטערגעשריבענער דאָקטאָראַטעסט פון פעראיינס דאָקטאָר, אין וועלכען עס דארף אָנגעוויזען ווערען, אז דער קראנקער איז ארבייטס אָדער געשעפטס אַונפעהיג, נאָר ווען מען איז אַ גאַנצע וואָך קראנק, איז מען בערעכטיגט צום קראנקען בענעפיט. דער טאָג פון אַבמעלדען דארף מען דעם סעקרעטער אַנצייגען.

5. א מיטגליעד וואָס וואָהנט אויסערען שטאדט און ווערט קראנק, איז ער נאָר בערעכטיגט פון דעם טאָג אָן ווען ער האָט דעם סעקרעטער געמעלדעט.

6. דער האָספּיטעלער מוז יעדע וואָך בעזוכען דעם קראנקען אויך זעהן אויב ער נאָך קראנק איז און ווען יאָ זאָל ער לאָזען וויסען דעם סעקרעטער.

7. ווען א מיטגליעד וואָס וואָהנט אין נויאָרק און ווערט אזוי קראנק, אַז דער דאָקטאָר הייסט איהם אוועקפאָהרען פון שטאָדט, איז ער דיא ערשטע צוויי וואָכען נאָך זיין אוועק פאָהרען בערעכטיגט צו בענע־פיט מיט׳ן אַטעסט פון דעם פעראיין׳ס דאָקטאָר, ווען ער דאַרף אָבער דאָרט פערבלייבען מעהר וויא צוויי וואָכען דארף ער שוין אלע 2 וואָכען צו שטעלען א דאָקטאָר אטעסט אונטערשריבען פון אַ נאָטאַרי פּאָב־ליק אזוי וויא אלע אַנדערע קראַנקע מיטגליעדער וואָס וואָהנען אויסער נויאָרק, און יענער דאָקטאָר מוז שרייבען דיא קראַנקהייט אויף דעם אַטעסט.

8. ווען עס שטאַרבט אַ ברודער אָדער א ברודערס פרוי וואָס וואָהנט אין נויאָרק, זאָל דיא בעערדיגונג דורכגעפיהרט ווערען לויט דעם אידישען דין, דער פעראיין איז פערפליכטעט צו בעזאָרגען א פרייען בע־ערדיגונגס פלאץ, אַ לייכען וואָגען, 1 קערידזש, פיר דער פאמיליע, און 1 קערידזש פיר דער לייכען קאָמי־טעט און אלע אַנדערע נויטיגע אויסגאבען ביז 40 דאָלאַר, אלע מיטגלידער וואָס וואָהנען אין שטאָדט מו־זען דעם טויטען ברודער ביז א בעשטימטען פלאץ בעגלייטען, דיא לייכען קאָמיטע האָט צו בעשטימען דיא צייט פון דער לויה, אום זיי זאָלען קענען בעזאָר־גען אלע נויטיגע פאָרבערייטונגען.

9. ווען א מיטגליעד אָדער א מיטגליעד׳ס פרוי

שטארבט אויסער דער שטאָדט ניו יאָרק און ער אָדער זיא פאר'ן טויט פערלאנגען בעערדיגט צו ווערען אויפ'ן פעראיינס בית עולם, אָדער ווען דיא יורשים פער־לאַנגען עס,זאל דער פעראיין ביז 5$ ביישטייערען צו דיא טראנספּאָרטיישאָן קאָסטען. דיא בעערדיגונגס־קאָסטען פון א ברודער אָדער א ברודערס פרוי וואָס שטאַרבען אויסער נויאָרק און ווערען דאָרט בעערדיגט דארפען ניט איבערשטייגען 15$. פיר קינדער — ניט מעהר וויא 5$ און איבער 16 יאָהר ניט מעהר וויא 15$ ווען א מיטגליעד, זיין פרוי אָדער זיין קינד שטאַרבט אויסער נויאָרק און ווערט דאָרט בעערדיגט פון אן אַנ־דער געזעלשאַפט צו וועלכען דער מיטגליעד האָט בע־לאַנגט, איז דיעזער פעראיין גאָר ניט פערפליכטעט ביי‍צושטייערן.

ווען דיא לייכע פון א פערשטאָרבענעם ברו־דער ווערט בעערדיגט פון אן אנדערע אידישע געזעל־שאַפט אין נויאָרק, דארף דער פעראיין בעזאָרגען 1 קערידזש פאר דער פאמיליע און 1 קערידזש פיר דער לייכען קאָמיטע און אלע מיטגלידער זיינען פערפליכ־טעט דעם טויטען ביז אַ בעשטימטען פלאַץ צו בע־גלייטען.

10. ווען א פרוי פון א מיטגליעד שטאַרבט, זאָלען 40 מיטגליעדער וואָס וואָהנען אין שטאָדט נאך אל־פאַבעטישע רייהע אויפגעפאָדערט ווערען פון סעקרע־טער צוזאמען מיט דער לייכען קאָמיטע דעם טויטען ביז א בעשטימטען פלאַץ בעגלייטען, אלע אנדערע מיטגלידער זאָלען אויך פון דעם טויטען־פאל נאָטי־

פיצירט ווערען און אהן שטראפע אויפגעפאדערט ווערען צו דער לויה.

11. ביי א שטערבעפאל פון א מיטגליעדס א קינד ביז 1 יאהר אלט, דארף דער פעראיין בעזארגען פריי א בעערדיגונגס פלאץ 1 קערידזש, אדער איין לייכען־וואגען און דיא אנדערע נייטיגע אויסגאבען פאר דער בעערדיגונג. ווען דאס קינד איז איבער 1 יאהר אלט און ביז 18 יאהר אלא, ווען א זוהן, אדער עלטער ווען אן אונפערהייראטהע טאכטער — האט דער פעראיין צו בעזארגען 1 קערידזש, 1 לייכען וואגען פרייע בע־ערדיגונגס פלאץ און אלע אנדערע נויטיגע אויסגאבען פאר דער בעערדיגונג. א זוהן וואס איז ארבייטס אונ־פעהיג (אינוואליד) און מוז זיך געפינען אונטער דיא עלטערען׳ס שוץ איז אויך צו דיא אביגע בענעפיטס בערעכטיגט, ווען ער איז אפילו עלטער פון 18 יאהר.

12. ווען א מיטגליעד זיצט דיא געזעצליכע שבעה און דיא קאמיטע בעריכטעט איהם אזוי, בעקומט ער $7 שבעה געלד.

13. ווען איין מיטגליעד שטארבט איז דיא אלמנה אדער דיא יורשים בערעכטיגט צו איין דאלאר פון קאפ יורשים זיינען וויא פאלגט: קינדער, עלטערען אדער שוועסטער.

14. אויף יעדען קבר פון א מיטגליעד, זיין פרוי אדער זיין קינד מוז אין פערלויף פון איין יאהר גע־שטעלט ווערען א מצבה אויף דיא אייגענע קאסטען פון דיא הינטערגעבליבענע. פיר דיזען צוועק דארף דער

פעראיין איינהאלטען $25 פון דיא קאָפּ געלד, און ווען דיא מצבה ווערט געשטעלט פון דיא הינטערבליבענע קריגען זיי דיא איינגעהאלטענע $25 צוריק געצאהלט.

15. צו בעערדיגונג אויפ'ן בית עולם און צו אלע אנדערע נויטיגע אויסגאבען זיינען נור בערעכטיגט, מיטגליעדער זייערע פרויען, קינדער וועלכע טראָגען דעם פאָטערס נאָמען.

16. אלמנות פון פערשטאָרבענע מיטגליעדער וועל־כע וועלען צאָהלען $5 אַ יאָהר זיינען בערעכטיגט צו קרקע אויך עקספּענסעס דיא $5 מוזען אין פאָראויס בעצאָהלט ווערען, יתומים ביז 16 יאָהר פון דיזעלבע אלמנה זיינען צו דערזעלבער בערעכטיגט נר ביי א טויטען פאַל פון איין יתום זאָל יעדערער מיטגליעד צאָהלען 10 סענט פיר עקספּענסעס.

17. ווען אַ מיטגליעד אָהן זיין שולד געפינט זיך אין נויט, און ער ווענדעט זיך צום פעראיין פּערזענליך אָדער דורך אַן אַנדער מיטגליעד נאָך שטיצע, זאָל עס גלייך איבערגעגעבען ווערען צו דער נויטה אונטערזו־כונגס קאָמיטע, וועלכע זאָל לויט ארטיקעל 6, פּאר. 8, זיך ווענען דעם ערקונדיגען און בייא דער נעקסטער פערזאמלונג בעריכטען, און ווען דיא קאָמיטע געפינט איהם אין נויטה, דאן זאָל דער פעראיין לויט דעם בע־שלוס פון דיא מיטגלידער איהם מיט ראטה און טהאַט ביישטעהן, דיא סומע ביי א רעגעלע פערזאמלונג דארף מיט צוויי־דריטעל פון דיא אַנוועזענדע מיטגלידער בעשלאָסען ווערען און דארף ניט איבערשטייגען קיין

$15 שוין אריין רעכענדיג דיא 5 $ וואָס דער פּרעזי־
דענט האָט דאָס רעכט דעם נויטליידענדעז צו בעווילי־
גען פאר דער פערזאמלונג ווען ער ווערט פון דער קאָ־
מיטע דערצו אויפגעפאָדערט, ווען עס איז נויטיג א
גרעסערע שטיצע, קען זיא נור ביי א גענעראל אָדער
ספּעציאל פערזאמלונג בעשלאָסען ווערען ווען צווייא
דריטעל פון דיא אַנוועזענדע מיטגליעדער שטימען
דאפיר.

18. אַ מיטגליעד וואָס בעלאַנגט נאָך ניט קיין 6
מאָנאַט צום פעראיין איז צו קיין פעראיינס בענעפיט
בערעכטיגט, אויסער קראנקען און שבעה קאָמיטעען.
פרייען דאָקטאָר, און בייא אַ שטערבעפאל איז ער בע־
רעכטיגט צו אלע בענעפיטס וואָס אַנגעהערען צו בע־
ערדיגונג און לויה עקספּענסעס.

## אַרטיקעל 10.

## פליכטע פון מיטגליעדער און זייערע שטראפען.

1. ווען א מיטגליעד ווערט פון סעקרעטער אויפ־
געפאָדערט אַ קראנקען אָדער שבעה מיטגליעד צו בעזו־
כען, און ער בעזוכט איהם ניט אן דעם בעשטימטען
טאָג אָדער פערפעהלט עס בייא דער נעכסטער בע־
שטימטער פערזאמלונג צו בעריכטען, זאָל ער מיט
50 סענט בעשטראפט ווערען.

2. ווען א מיטגליעד ענדערט זיין וואָהנונג און
מעלדעט ניט דעם סעקרעטער אין פערלויף פון 14 טעג,
זאָל ער מיט 50 סענט בעשטראָפט ווערען און דיא סאָ־
סייעטי וועט ניט זיין פעראַנטוואָרטליך פיר קיינע
טראָבל.

3. ווען א מיטגליעד ווערט אויפגעפאָדערט צו קומען צו דער לויה פון א ברודער אָדער זיין פרוי, און ער קומט ניט, זאָל ער מיט 2 דאָלאר בעשטראפט ווערען.

4. ווען א מיטגליעד פיהרט זיך נישט אנשטענדיג אויף ביי אַ פערזאמלונג און דער פרעזידענט פאָדערט איהם עטליכע מאָל אויף און ער אכטעט איהם ניט, זאָל ער בעשטראפט ווערען דאס ערשטע מאָל מיט 25 סענט דאס צווייטע מאָל מיט 50 סענט און דאס דריטע מאָל מיט אַ דאָלאר. ווען ער פאָלגט ווייטער ניט, זאָל ער פון פרעזידענט אונטער אַ קלאַגע געשטעלט ווערען.

5. ווען אַ מיטגליעד צאָהלט ניט איין זיינע שול־דען נאָך שטרייך אַבענד און האָט אויך איין רעדז־שיסטרירטען בריעף געקריגען זאָל ער פון דער מיטגלי־דער ליסטע געשטריכען ווערען, דער בעטרעפענדער קען אָבער אין 48 שטונדען נאָך שטרייך אַבענד גוט מאַכען.

6. ווען אַ מיטגליעד דערצעהלט אן אַבגעוויזענעם קאַנדידאט דיא אורזאכע פון זיין אבווייזונג, אָדער גיט איבער א פרעמדען די פערהאַנדלונגען פון פעראיין אָדער מאַכט בעקאַנט דיא נעמען פון דיא מיטגלידער וואס האָבען פראָטעסטירט געגען דיא אויפנאַהמע פון א געוויסען קאַנדידאט. אָדער ווען איין מיטגליד מאַכט געגען צווייטען פאַלשע בעשולדיגונגען, אָדער ער פער־לוימדעט אַ מיטגליעד אָדער דעם פעראיין, אָדער גיט ארויס דיא פערהאַנדלונגען פון דיא דיסטרעס, קלאַגע אָדער קאַנדידאטען אונטערזוכונגס קאָמיטען צו איר־

גענד איינעם, און ווען ער פון דער קלאגע קאָמיטעע ווערט געפונען שולדיג, זאָל ער בעשטראפט ווערען מיט אַ געלד שטראפע.

7. אַ מיטגליעד וואָס ווערט געשטריכען פאר ניט צאָהלען זיינע שולדען קען אין 6 מאָנאַט זיך ווידער לאָזען פאָרשלאָגען, און ווען ער ווערט אויפגענומען ווערט ער בעטראכט אלס אַ נייער מיטגליעד.

8. ווען א מיטגליעד בעלאָנגט 5 יאָהר צום פער־איין און ווערט געשטריכען פאר ניט איינצאָהלען זיינע שולדען, האָט ער דאָס רעכט אין פערלויף פון 2 יאָהר זיך ווידער לאָזען פאָרשלאָגען ווען ער איז שוין דאן אפילו עלטער פון 40 יאָהר, יעדער צוריק אויפגענו־מענער מיטגליעד מוז אויסער דיא געזעצליכע פאָר־שלאָגס און איינטריטס געלד אויך איינצאָהלען דאָס געלד וואָס ער איז שולדיג געוועזען דעם פעראיין, דעם אבענד וואָס מען האָט איהם געשטריכען, ער מוז אָבער אריין קומען אלס אַ נייער מעמבער.

9. ווען א מיטגליעד ווערט געשטריכען פאר ניט צאָהלען זיינע שולדען און ער קען איבערצייגען אז ער איז געשטריכען געוואָרען ניט דורך זיין שולד, האָט ער צייט ניט שפעטער וויא אין 14 טעג פארצובריינגען זיין פראָטעסט פאר'ן פעראיין און ווען אַ מאַיאָריטעט פון דיא מיטגליעדער שטימען דאפיר קען ער ווידער אָנגענומען ווערען.

10. ווען אַ מיטגליעד טרעט ארויס פון דער אידי־שער רעליגיאָן אָדער הייראַטה אַ פרוי וואָס געהערט

ניט דער אידישער רעליגיאָן, זאָל ער פון פעראיין גע־שטריכען ווערען.

11. ווען א מיטגליעד לאָזט זיינע קינדער ניט בע־שניידען נאָך'ן אידישען רעליגיאָן, האָט ער קיין אַנ־שפרוך אויפ'ן פעראיינ'ס בית עולם.

12. ווען אַ מיטגליעד ווערט פון א געריכט געפונ־נען שולדיג אין אַ פערברעכען און ער ווערט פעראור־טהיילט צו אַ געפענגניס שטראפע און דער פעראיין אַנערקענט אויך דעם פערברעכען, זאָל דער פעראיין האָבען דאָס רעכט איהם צו שטרייכען.

13. ווען אַ מיטגליד ווערט פון קלאַגע קאָמיטעע אויפגעפאָדערט צו ערשיינען אלס קלעגער, אָנגעקלאָג־טער אָדער עדות און ער קומט ניט ווערט ער אונטער־וואָרפען אונטער אַ שטראפע פון אַ דאָלאר. נאָר אַבווע־זענהייט פון שטאָדט אָדער קראנקהייט ווערט אָנגענו־מען אַלס אַן ענטשולדיגונג.

14. ווען דיא קלאגע קאָמיטע פאָדערט אויף דעם קלעגער אָדער אָנגעקלאָגטען צום צווייטען מאָל דורך אַ רעדזשיסטרירטען בריעף צו ערשיינען און ער קומט ניט, האָט דאָס קאָמיטע א רעכט אָהן איהם דיא אָנגע־לעגענהייט צו פערהאַנדלען.

15. אַ קאָמיטע מיטגליעד וואָס ערפילט ניט זיינע פליכטען, ווען ער ווערט אויפגעפאָדערט אויסער קראנ־קען און שבעה קאָמיטע, זאָל מיט 25 סענט בעשטראָפט ווערען.

## ארטיקעל 11.

## אונטערנעהמונגען און פעסטליכקייטען.

1. ביי א גענעראל אָדער ספּעציאל פערזאמלונג קען מיט אַ מאַיאָריטעט שטימען פון דיאַ אַנוועזענדע מיטגלידער בעשלאָסען ווערען צו פעראַנשטאַלטען איי־נע אָדער מעהר אונטערנעהמונגען צום נוצען פון פעראיין.

## ארטיקעל 12.

## פערענדערונגען.

1. אלע טהיילען פון דיעזער קאָנסטיטושאָן, מיט דער אויסנאַהמע פון ארטיקעל 1, קענען פערענדערט, צוריקגערופען אָדער פערבעסערט ווערען ווען 7 מיט־גליעדער בריינגען אריין אַ שריפטליכען פאָרשלאַג. אזא פאָרשלאַג זאָל איין מאָל פאָרגעלעזען ווערען און ביי דער נעכסטער גענעראל אָדער ספּעציאַל פערזאמ־לונג גענומען ווערען צום אַבשטימען, און ווען 2 דריטעל פון דיא אַנוועזענדע מיטגלידער שטימען דאפיר ווערט ער אַנערקענט אַלס אַ געזעץ.

## אַרטיקעל 13.

## פארלאמענטארישע רעגעלן.

1. מיטגלידער וואָס ווילען אין אן אַנגעלעגענהייט שפּרעכען מוזען ביים פּרעזידענט בעטען דאָס וואָרט.

2. ווען מעהרערע מיטגליעדער בעטען דאָס וואָרט אויף איין מאָל, דארף דער פּרעזידענט ענטשיידען ווער

עס זאָל פריהער רערען. קיין מיטגליעד זאָל ניט רערען 2 מאָל איבער איין געגענשטאנד ביז אלע וואָס האָבען דאָס וואָרט פערלאנגט, האָבען שוין זייערע מיינונגען אויסגעשפּראָכען.

3. אום אַ פאָרשלאג צו פערהאַנדלען מוז ער פון איין מיטגליעד פאָרגעשלאָגען ווערען און פון א צווייטען אונטערשטיצט ווערען, דאן דארף עס דער פּרעזידענט פאָרלעגען צו דעבאַטירען.

4. אַמענדמענטס מוזען אויך צוגעלאָזען ווערען צום פערהאַנדלען ווען 1 מיטגליעד שלאגט עס פאָר און א צווייטער אונטערשטיצט עס, אַמענדמענטס דארף מען שטימען בעפאָר דיא פאָרשלעגע.

5. ביי אַ געלד אַנגעלעגענהייט ווערט דער אַמענדמענט אָדער פאָרשלאַג וואָס ענטהאלט דיא העכסטע סומא צו ערשט אָבגעשטימט, און ווען עס ווערט אָנגענומען דאן פאלען אלע אַנדערע אָפּ, וויא אויך דיא פאָרשלעגע.

6. ווען א געגענשטאַנד ליעגט פאָר, דארף מען קיין אַנדער אַנגעלעגענהייט ניט צולאָזען ביז מען ערלייריגט דיא פריהערדיגע געשעפטען, ווען א פראגע ליעגט פאָר צו פערהאַנדלען קען נור פאָלגענדע פאָרשלעגע געמאַכט ווערען.

א) דעם געגענשטאַנד אויפ'ן טיש צו לעגען;

ב) אויף אַ בעשטימטע אָדער אונבעשטימטע צייט צו פערטאַגען;

ג)  צו א קאָמיטע צו איבערגעבען ; און

ד)  שלוס דער רעדנער ליסטע.

דיעזע פאָרשלעגע קענען פון אירגענד אַ מיטגליעד געמאַכט ווערען וואָס געפינט זיך אויף דער רעדנער־ליסטע.

7.  נאָכדעם וויא א בעשלוס ווערט געפאסט, קען אַ מיטגליעד וואָס האָט געשטימט מיט דער מאַיאָ־ריטעט אז אַנטראג מאכען דיא אַנגעלעגענהייט וויע־דער פאָרצונעהמען צו פערהאַנדלען. אזא אַנטראג קען געמאַכט ווערען בייא דער זעלבער אָדער ביי דער נעכסטער פערזאמלונג און ווען דער פאָרשלאַג ווערט אַנגענומען דארף דער פרעזידענט דיא אַנגעלעגעננהייט וויעדער פאָרלעגען צום פערהאַנדלען. ווען דער בעשלוס איז געפאסט געוואָרען ביי אַ ספּעציאל פערזאמלונג קען דיא פראגע ווענען צוריק עפענען דיא אנגעלעגענ־הייט פאָרגענומען ווערען ביי אַ רעגעלער פערזאמלונג. אָבער דער גענענשטאַנד אליין מוז ביי דער נעכסטער ספּעציאל פערזאַמלונג פערהאַנדעלט ווערען.

8.  אַ רעדנער קען אונטערבראָכען ווערען פון פּעזידענט :

א)  דעם רעדנער צו אָרדנונג צו רופען :

ב)  דעם רעדנער אויפצופאָדערן זיך אין דער גע־גענשטאַנד צו האַלטען ; און

ג)  אַ מיספערשטענדניס אויפצוקלערען.

עס זאָל פריהער רעדען. קיין מיטגליעד זאָל ניט רעדען 2 מאָל איבער איין געגענשטאַנד ביז אַלע וואָס האָבען דאָס וואָרט פערלאַנגט, האָבען שוין זייערע מיינונגען אויסגעשפּראָכען.

3. אום אַ פאָרשלאַג צו פערהאַנדלען מוז ער פון איין מיטגליעד פאָרגעשלאָגען ווערען און פון אַ צווייטען אונטערשטיצט ווערען, דאַן דאַרף עס דער פּרעזידענט פאָרלעגען צו דעבאַטירען.

4. אַמענדמענטס מוזען אויך צוגעלאָזען ווערען צום פערהאַנדלען ווען 1 מיטגליעד שלאָגט עס פאָר און אַ צווייטער אונטערשטיצט עס, אַמענדמענטס דאַרף מען שטימען בעפאָר דיא פאָרשלעגע.

5. ביי אַ געלד אַנגעלעגענהייט ווערט דער אַמענדמענט אָדער פאָרשלאַג וואָס ענטהאַלט דיא העכסטע סומא צו ערשט אָבגעשטימט, און ווען עס ווערט אַנגענומען דאַן פאַלען אַלע אַנדערע אָפּ, וויא אויך דיא פאָרשלעגע.

6. ווען אַ געגענשטאַנד ליעגט פאָר, דאַרף מען קיין אַנדער אַנגעלעגענהייט ניט צולאָזען ביז מען ערליידיגט דיא פריהערדיגע געשעפטען. ווען אַ פראַגע ליעגט פאָר צו פערהאַנדלען קען נור פאָלגענדע פאָרשלעגע געמאַכט ווערען.

א) דעם געגענשטאַנד אויפ'ן טיש צו לעגען;

ב) אויף אַ בעשטימטע אָדער אונבעשטימטע צייט צו פערטאַגען;

ג) צו א קאָמיטע צו איבערגעבען; און

ד) שלוס דער רעדנער ליסטע.

דיעזע פאָרשלעגע קענען פון אירגענד אַ מיטגליעד געמאַכט ווערען וואָס געפינט זיך אויף דער רעדנער־ליסטע.

7. נאָכדעם וויא א בעשלוס ווערט געפאסט, קען אַ מיטגליעד וואָס האָט געשטימט מיט דער מאַיאָ־ריטעט אז אַנטראג מאכען דיא אַנגעלעגענהייט וויע־דער פאָרצונעהמען צו פערהאַנדלען. אזא אַנטראג קען געמאַכט ווערען בייא דער זעלבער אָדער ביי דער נעכסטער פערזאמלונג און ווען דער פאָרשלאג ווערט אנגענומען דארף דער פרעזידענט דיא אַנגעלעגעננהייט ווידער פאָרלעגען צום פערהאַנדלען. ווען דער בעשלוס איז געפאסט געוואָרען ביי אַ ספעציאל פערזאמלונג קען דיא פראגע ווענען צוריק עפענען דיא אנגעלעגענ־הייט פאָרגענומען ווערען ביי אַ רעגעלער פערזאמלונג. אָבער דער געגענשטאַנד אליין מוז ביי דער נעכסטער ספעציאל פערזאַמלונג פערהאַנדעלט ווערען.

8. אַ רעדנער קען אונטערבראָכען ווערען פון פעזידענט:

א) דעם רעדנער צו אָרדנונג צו רופען;

ב) דעם רעדנער אויפצופאָדערן זיך אין דער גע־געגענשטאַנד צו האַלטען; און

ג) אַ מיספערשטענדניס אויפצוקלערען.

9. ווען א מיטגליעד רופט דעם רעדנער אויסער אָרדנונג, דארף דער פּרעזידענט ענטשיידען צו דער מיטגליעד איז גערעכט ווען איינער פון דיא צוויא מיטגליעדער איז ניט איינפערשטאַנדען מיט'ן פּרעזידענטס ענטשיידונג אָדער ביי אירגענד וועלכע ענטשיידונג פון פּרעזידענט, האָט דאָס מיטגליעד אַ רעכט צו אַפּעלירען צו דער פערזאמלונג, און דיא אַפּעלאַציאָן דארף דער וויים פּרעזידענט אויפנעהמען און פאָרלעגען פאר דער פערזאַמלונג. דערבייא דארף קיינער ניט קריגען דאָס וואָרט אויסער דער פּרעזידענט און דער אַפּעלירענדער מיטגליעד. און דורך דעם אַבשטימען פון דיא מיטגליעדער ווערט דיא אַנגעלעגענהייט ענטשיעדען. ווען דער פּרעזידענט וויל אַ מיטגליד ניט געבען דאָס וואָרט, קען ער אויך צו דער פערזאמלונג דורך דעם וויים פּרעזידענט אַפּעלירען.

10. ביי א ספּעציאל פערזאמלונג דארף דער פּרעזידענט, ווען ער עפענט דיא פערזאמלונג, ערקלעהרען דעם צוועק דערפון, און זאָל פאָרנעהמען צו פערהאַנדלען נאָר אזעלכע געשעפטען פאַר וועלכע דיא ספּעציאל פערזאמלונג איז איינבערופען געוואָרען. אויסער איז פעלע פון נויטה־אונטערשטיצונג, ווען דאָס קאָמיטעע האָט דעם פּרעזידענט אויפגעפאָדערט, זאָל דאָס אויך אלס ספּעציעלע ביזנעס פערהאַנדעלט ווערען. ווען עס איז זאָגאר ניט אָנגעגעבען געוואָרען אויף דיא נאָטיסעס צו דיא מיטגליעדער. דער פּרעזידענט דארף אָבער ביים עפענען דיא פערזאמלוננג דיא מיטגליעדער דערמיט בעקאַנט מאַכען.

11. יעדע קלאגע מוז שריפטליך אין פעראיין אריינגעבראכט ווערען און ווען די פערזאמלונג נעהמט עס אָן דארף עס לויט ארטיקעל 6 איבערגעגעבען ווע־רען צו דער קלאַגע קאָמיטע צו אונטערזוכען.

## לאָאַן רעליעף געזעצע.

1. דיעזער פאָנד זאָל געברויכט ווערען פיר׳ן וואָהל פון דיא מעמבערס פון אונזער פעראיין. ער זאָל פערוואלטעט ווערען פון א דירעקטאָרען באָארד אויס 15 מעמבערס, וועלכע זאָלען דערצו ערוועהלט ווערען אויף פאָלגענדען ארט:

דיא אָפיסערס פון פאָנד וועלכע בעשטעהען פון אַ טשערמאַן, א סעקרעטער און אַ טרעזשורער, זאָלען געוועהלט ווערען יעדעם יאָהר ביי די יעהרליכע עלעק־שאָנס פון פעראיין.

און נאָך 12 דירעקטאָרען וועלכע זאָלען געוועהלט ווערען אויך אין דערזעלבער צייט, נאָר אויף פאָלגענ־דען ארט:

2. דער באָארד זאָל האַלטען זיינע רעגלע מיטינגען יעדע וואָך ספּעציעלע מיטינגען פון באָרד קענען גערו־פען ווערען פון טשערמאַן ווען ער געפינט עס פיר נויטהיג. א פאָלשטענדיגער בעריכט צום פעראיין דארף צוגעשטעלט ווערן פון סעקרעטער יעדעם יאָהר.

3. יעדער מעמבער וואָס איז ברעכטיגט צו געלד בענעפיט פון פעראיין, און זיין נאָמען איז ניט אונ־טערשריבען אויף אַ נאוט פון פאָנד — פאר זיך אָדער

## טאַגעס אָרדנונג:

1. ערעפנונג דער פערזאַמלונג.
2. פאָרלעזען דיא ליסטע דער בעאַמטען.
3. פאָרלעזען דעם פּראָטאָקאָל פון לעצטער פער־זאַמלונג.
4. פאָרלעזען פון צושריפטען און רעכנונגען.
5. רעפּאָרט פון קאַנדידאַטען קאָמיטע.
6. באַלאָטירונג פון קאַנדידאַטען.
7. איינפיהרונג פון קאַנדידאַטען.
8. קראַנקען און שבעה קאָמיטע בעריכט.
9. פאָרשלאַגען פון קאַנדידאַטען.
10. אַנמעלדונג פון קראַנקע, שבעה און נויטהליי־דענדע מיטגליעדער.
11. קאָמיטעע בעריכטען.
12. אונערלעדיגטע פערהאַנדלונגען.
13. פיר דאָס וואָהל און בעסטען פון פעראיין.
14. איננאַהמען און אויסגאַבען.
15. שליסען דיא פערזאַמלונג.